י. קיפניס.

# די פאשטשארטע כאסענע



י. קיפּניס

# די פאַרשטערטע כאַסענע



קינדער-פּיעסע אין איין אַקט

# פערזאָנען:

אַ שאַדכן — אַ באַדכן

בערל־מורל — דער כאָסן

לייב, וואָלף,
העלפאַנט,
פוקס, האָז.
— אונטערפירער

ציגן, האזן,
וועלף, הינער.
— מעכוטאָנים

די קאַץ, דער הונט,
די שאָף, די ציג.
— קלעזמער

די פליג, די מילב,
דער מוק, די בין,
די גאָטס בהיימעלע,
דער זשוק.
— שנעקן ־צעשטערער

ווייבער,

וויוועד־שפילער.

די שפּיל קומט פאָר אין וואַלד-פּאַלאַץ.

## דער שאַדכן:

(קומט אריין)

איך בין א שאַדכן פון גאר דער וועלט,
איך האב אַהער זיך צוגעשטעלט.
ווען איר ווען, צו נישט וועלן —
מע מוז דעם בער א כופּע שטעלן.

(פון יענער זייט וואַנט קלאַפּט זיך, טאַראַראַמט זיך.
ציגן מעקען, הינער קוואָקען)

## דער שאדכן:

(הערט זיך צו, רעדט פאַמעלאַכן)

ציגן זעגן,
האַקן העק,
ציגן פאַקן וואָל אין זעק,

היִנער גייען בעטגעוואַנט —
בערלען־מורלען
דראַשע־געשאַנק.
— לייבל, וועלפל, העלפאַנט־באָז,
איר וועט גיין פאַר כאַסנס־צאָד!

(ס׳גייען אַריין דער לייב, דער וואָלף און דער העל־פאַנט, שטעלן זיך אין איין זייט, וואו דער שאָדכן ווייזט זיי).

פיקסל־מיקסל,
פאַווקע־האָז,
גייט, זייט מויכל, קאַלעס־צאָד...

(גייען אַריין פוקס און האָז, שטעלן זיך אין צווייטן זייט)

— שטעלט זיך אַלע אין א ראָד,
טרייבט דעם כאָסנדל אין באַד.

(דער כאָסן—דער בער קומט אַריין, מע באַזעצט אים אין מיטן פאַלאַץ אף אַ שטול, די ווייבער גייען אַריין, ווישן מיט די טיכלאַך די אויגן).

ד י  ו ו י י ב ע ר :

(צום בער)

וויין נישט, וויין נישט, כאָסן־לעב,
דיין מאַזל שיינט אַף גאָר דער וועלט.

כאסנס צאַד, מיט גוטן ווילן
קומט דעם כאסן מאַזל שפּילן.

(ס'קומען אַריין די ציגעלאַך מיטן ערשטן וויוועד)

די ציגעלאַך:

(צום בער)

— מיר זייבען ציגעלאך אט אַזוי,
זומער גראז און ווינטער היי. —
היי פון די לעכער,
שטרוי פון די דעכער.
מילך פון די אייטער
האַלעוואַי אף ווייטער.
— ציגעניו, מיגעניו, קאָזי־מע —
מאַזל־טאוו דיר, כאסן בער.

(די ציגעלאַך טאַנצן אָפּ אַ טאַנץ, דרייען זיך אויס.
די האָזן קומען אַריין מיטן צווייטן וויוועד)

די האזן:

(צום בער)

מיר זייבען זיך העזעלאַך אָט — און גאָר.
אין וואַלד א שמעק, אין פעלד אַ שנאורך.

אויערן ווי די מויערן,
פּיס ווי די ניס,
צום בער אַף דער כאַסענע
געקומען צו־פוס,
וועקנדיק און שרעקנדיק
און וואך ווי געהער — — —
מאַזל־טאוו דיר, כאָסן־בער!

(די העזעלאַך טאַנצן אָפּ אַ טאַנץ, ד'רייען זיך אויס. ס'קומט אַריין דער וואָלף)

## דער וואלף:

(צום בער)

וועלף זיינען מיר היינט
און וועלף זיינען מיר מאָרגן,
אונזער קייסער דער עלצטער
האָט מיט אַ ביין זיך דערווארגן. —
געשטארבן־באַגראָבן,
געוויינט און באַוויינט, —
איצט בין איך געלאָפן,
קיין נעכט ניט געשלאָפן,
צום בער אף דער סימכע
מיט צאָרעס געטראָפן. —

הונגעריק, מיד
און גאר אָן געווער, —
מאזל־טאוו דעם כאסן־בער!
(דער וואָלף דרייט זיך אויס אין אַ זייט. מיט אַ גע-
פילדער קומט אָן דער האָן און טראָגט קיבעד)

דער האן:

(דרייענדיק זיך)

קוקו־ריקו־ריקו־אוך!
קאם געבראכט אַ טאָץ מיט יוך,
קאם געבראכט אַ טעלער מאָן,
אליין איך בין פון דאָרף דער האן!
אין דארף באַ אונז הענער,
דאַר ווי די שפענער;
אין דארף באַ אונז הינער,
געלע און גרינע;
די הענער פון די פלויטן,
די הינער פון די בייטן,
אַלע זיי גייען
אַהער מיך באגלייטן.
קאַ־קאַ, קאַ־קאַ! זיי קומען־אַ הער —
מאזל־טאָוו דיר, כאָסן־בער!

(דער האָן טאַנצט אָפּ זיין טאַנץ, שנעקן שפּאַרן זיך
אָן אין טיר)

### דער שאַדכן:

(צו די מעכוטאָנים)

גרייט צו די טישן
מיט פליישן, מיט פישן,
עסן וועלן מיר האָניק,
טרינקען וועלן מיר ווייַן
ביזן ווייסן טאָג אריין.
— קומט, קלעזמארים־טאַראראַם,
שפּילט דעם כאָסן אָפּ אַ גראַם.

(ס'קומען אַריין די קאַץ מיטן פידל, דער הונט מיטן
פייפל, די שאָף מיטן פּייקל, די ציג מיטן פּויק)

### דער שאַדכן:

(צו די שנעקן)

אַוועק גייט, שנעקן, פון די טירן!
מע דאַרף דעם בער צו דער כופּע פירן.

### די שנעקן:

(שפּאַרן זיך אָן אין מיטן פּאַלאַץ)

ע ר ש ט ע ר ש נ ע ק:

איך גיי ניט אַוועק,
איך בין אַ קליינע דוימעלע!

צ ו ו י י ט ע ר ש נ ע ק:

איך גיי ניט אַוועק,
איך בין אַ גאָטס־בהיימעלע.

ד ר י ט ע ר:

און איך — די מילב פון לאַנד.

פ ע ר ט ע ר:

און איך — די פליג פון וואַנט.

פ י נ פ ט ע ר:

און איך א זשוקל.

ז ע ק ס ט ע ר:

און איך אַ מוקל.

א ל ע:

געקומען זיינען מיר אַ הער
אַראָפּוואַרפן פון שטול דעם בער.

(די מעכוסאָנים סוידענען זיך איבער, דערשרעקן זיך)

## דער עלצטער פון די שנעקן:

(רופט אויס)

עי, גיבוירים—גאלאַגאנען,
נישט גערוט, און נישט געשטאַנען,
איקן, מיקן, דריקן האָפּ!
און דעם בער איבערן קאָפּ!
די מעכוטאָנים איבערן פּאָנים!
און די שטול איבערן־דיל!

(די שנעקן נעמען זיך צו דער אַרבעט. דער כאָסן, די מעכוטאָנים צעלויפן זיך, קערן זיך איבער, פאַלן, שטייען אוף און לויפן ווייטער. ס'ווערט אַ געפילדער, אַ ראַש, די שנעקן לויפן נאָך מיט שטעקנס, מיט בעזימער און מיט לאָפּעטעס).

## דער שאַדכן:

(בלייבט איינער אליין)

— אוי־אוי־אוי, אוי־אוי־אוי,
ס'אַראַ שנעקן, ס'ארא שנעקן,
אף א בער מע הויבט א שטעקן.

(צענעמט די הענט)

ווײַ, באַ וואָס איך בין געבליבן —
די גאַנצע כאַסענקע צעטריבן.

(די שנעקן קערן זיך אום, דער שאַדכן באַהאַלט זיך
אין אַ ווינקל אונטערן טיר)

די שנעקן: —

אזוי וועלן מיר הײַנט,
אזוי וועלן מיר שטענדיק.
די בערן וועלן מיר שטערן,
די לײַבן וועלן מיר רויבן,
די וועלף אפילע צוועלף,
מיר האָבן נישט קיין מוירע,
נאָר דעם האָניק אנ׳אָווײַרע —
האַם־האַם,
האַם־האַם.

(זיי כאַפּן עסן, טאַנצן אום אַפּן טיש און פון טיש)
(ערשטער שנעקל גײט אַוועק טאַנצן)

ערשטער שנעקל:

מיר אנ׳עפּל,
דיר א קעפּל.
אים א פלאָם,
מיר אַ באַר,

איך א שנעקל
אן אביעקל,
איך א יאטל
נישט קיין באר.

(צווייטער שנעקל גייט אוועק אנקעגן טאַנצן)

צ וו יי ט ע ר:

אקן־באקן
קלינגען גלאקן,
קריכן מילבן
אף די שטאָקן.
איינסעלע, צווייעלע,
פינפעלע, דריי,
האָניק און בראָנפן,
קיי און שפיי,
פו, פו,
פו, פו!

א ל ע ש נ ע ק ן:

(קרימען זיך נאָך)

פו, פו,
פו, פו!

(די שנעקן צעלויפן זיך מיט זייערע שטעקנס, בעזי-
מער און לאָפּעטעס, דער שאַדכן רוקט זיך אַרויס
פון ווינקל)

דער שאדכן:

(מיט אַ וויינענדיקן קאָל)

זיגן זעגן,
האקן העק.
— — — —
פריכן ציגן,
ניסן בעק.

(ערווישט מיט דער קאַפּאָטע די אויגן און וויינט)

אף די וועגן
גיסט א רעגן.
— — — —
אף די בריקן
גייט א שניי.
— — — —
או־או־אוַ־או!
— — — —
זינט בא בערן כאסענעס,
נאָך קיינמאָל ניט
געווען אזוי.

---